א. טאַבאַטשניק

# אין שייך

אַרויסגעגעבן פון שיפּסהעד בעי אַרבעטער רינג שול,
ניו יאָרק, 1936

# פילגערשאַפט

עס גייט די זון, עס גייט דערווינט,
און הייסע שטערן רוישן.
עס גייט די גאַנצע בלינדע ערד
מיט ווייַן און ברויט אין קוישן.

עס גייען פייגל, כאַיעס, שאָף
און פעט־געשטאָפּטע רינדער.
עס גייט די גאַנצע בלינדע ערד,
וואָס לעכצט נאָך גאָט און וואונדער.

מ׳גייט דורך באַרג, מ׳גייט דורך פלוין,
מ׳גייט דורך הויכע וועגן.
עס פלאַמט גאָטס שווערט, עס בלענדט זיין קרוין
זיי אַלעמען אַנטקעגן.

און איך גיי מיט מיין ווייב און קינד —
זיין פייער זאָל פאַרצערן.
עס גייט די זון, עס גייט דער ווינט,
עס גייען אַלע שטערן.

## מיט אַ בינטל האָלץ . . .

מיט אַ בינטל האָלץ און אַ ווייסן לאַם,
אַ קריגל אייל פּאַר אַ לויטערן פלאַם, —
גייט ער דורך דעם לעבן —
גאָט זיך אָפּצוגעבן.

גאָט אין פייער אָנגעטאָן,
מיט אַ שטערנצווייג אונטער אַ גאָלדענער זון,
זיצט און שמייכלט בלוטיק־רויט —
אַנטקעגן אים און זיין הייליקן טויט.

## לעוואַנע שיין

ווי קילער, קלאָרער אייל, דורך שויבן
פליסט די לעוואַנע ריין אַריין.
דאָס בעט איז בלוילעך־ווייס אין שיין,
און איך בין, ווי דאָס צימער, פול מיט שיין
און גוטן ווילן גאָט צו לויבן.

פאַר אַלץ: פאַר בלויען ליכט און גרינעם גלימער,
פאַר זיין מיט זיך אין גרויסע שטעט,
פאַר טרעפן אומעטום אַ צימער,
אַ טיש, אַ בענקל און אַ בעט.
פאַר זיין איצט וואַך און זען אַלץ,
פאַר זיין איצט זיכער, פרום און גוט,
פאַר פילן גאָט אין יעדן אָטעם,
און אין דעם שלאָגן פון מיין בלוט.
און פאַר די דינע זילבער־שטויבן,
אין זיי, ווי ליכט, צעגייען ווענט,
און פאַר דעם שיין אַף גרינע שויבן,
און פאַר מיין האַרץ, וואָס ברענט און ברענט.

# באַנאַכט

ווי וואונדערלעך באַנאַכט צו שווייגן,
און שווייגנדיק — צום הימל שטייגן!
שווייגן — און אַף הוילע שטערן קוקן,
און הערן ווי די זייגערס זייערע ווייזערס רוקן,
פילן טיף די ערד און טרייבן שנעל דאָס בלוט, —
לעבן, שטאַרבן און אויפגיין אין איין מינוט.

# דער רייעך און דער רויש . . .

דער רייעך און דער רויש פון דער ערד,
דער גאַנג און געזאַנג פון די שטערן,
און דער אָנקום פון צייט וואָס ווערט
פאַרברענט אין ווערן: —

צינדן מיט פרייד,
און פלאָגן מיט אַנגסט פון בלינדן וואַרטן.
און טראָגן ווי אַ פרעך געלעכטער אין שייד
די שווערד וואָס וועט מיך לייגן אַ פאַרשטאַרטן.

# אָוונט

דו גייסט אַמאָל אַרויס אין גאַס,
אַן אָוונטיקער שטילער,
אַ גאָלדיק גרינער הימל פּאַס
אין אָוונט גלאַנצט אַ קילער.

דו גייסט פּאַמעלעך, שטעלסט זיך אָפּ,
באַטראַכסט די דורכגייער,
דער אָוונט־בלוי אַ יעדן קאָפּ
פאַרציט ווי מיט אַ שלייער.

איז יעדער פּנים אײדל, בלייך,
די פרויען, ווי לעוואָנעס,
און אַרום זיי אַ דינער הויך
פון ראַפאַעלס מאַדאָנעס.

דער הימל־פּאַס ווערט בלייכער, גרין,
פאַרגייט אין בלוי צעזייטן
און אָפן האַרץ איז גרינג און דין
ווי אַ געזאַנג פון פלייטן.

און דו דערשפּירסט אַ הייס באַגער
זיך העכערן און הויבן,
און שפּרייטן הענט ווי פליגל־ווייס
און בענטשן אַלץ און לויבן.

# אַפֿן טונקעלן וועג

.1

אַפֿן טונקעלן וועג האָט מיר דיין פּאָנים אויפֿגעהעלט,
און זיך צוריק אין טונקלקייט פֿאַרלוירן.
אין ראָש פֿון שטאָט האָב איך דיך אָנגעוואוירן.
איך גיי אַרום אין שאָטן, און זע די וועלט —
דורך מאַטן גלאַנץ פֿון אָנגעהויכטע טרערן.
דאָס האַרץ איז קראַנק, און מיט אַ טרוקן קאָל
הער איך ניט אויף דיך רופֿן און באַשווערן.
ווי פֿון אַ קישעף־שפּרוך :
זעגט און וועגט די צונג אַ יעדע זילב באַזונדער.
גיי אויף פֿאַר מיר, געשע מיר ווי אַ וואונדער.
גיי אויף פֿאַר מיר אין מיטן פֿון דער נאַכט,
ווי איבער באַרג און פֿלוין, ווי איבער וואַלד און טאָל
די ווייסע, דין געשניטענע לעוואָנע.
גיי אויף, און שטעל זיך דאָ פֿאַר מיר —
רייך, צעבליט און מיט אַמאָל,
ווי אין דעם הימל שטעלן זיך די שטערן.

.2

און מיט אַמאָל ווערסטו ווידער נאָענט,
ווי אין יענעם הויך־געוועלבטן, רויט־לעוואָנעדיקן אָוונט,
ווען כ׳האָב פאַר דיר גערעדט אייפערדיק און בלינד
צווישן ביימער צעבלאָזענע, ווי שוואַרצע האָר אין ווינט,
איך זע: אין דיינע אויגן טאַנצן שטערן אום.
דאָס מויל איז אָפן, דער שמייכל קרום,
און אַף די ציין געדיכט, פאַרשפּיצט
מיין מאַזל ביז דעם טויט — פאַרקריצט.
נאָר וואָס איז מאַזל? און וואָס איז טויט?
ווי פייער לויכט דיין העלע הויט.
דאָס פייער פרעסט און פרעסט מיך אויף.
דאָס האַרץ אַ שאַרפע, הייסע שרויף,
וואָס שרויפט און שרויפט און נאָגט און נאָגט.
און בלוט אין טונק׳לע שטראָמען שלאָגט.

## עס ברענט דיין וואָרט . . .

עס ברענט דיין וואָרט אַף די ליפּן,
און איך רייס זיך צו דיר מיט מיין בלוט.
איך וועל גיין מיט דיר דורך פייער,
איך וועל גיין מיט דיר דורך בלוט.

אַרום איז אַ מידבער, און דו ביסט דאָס דורשטן
פון שטיינער, פון ביינער, פון זאַמד,
צווישן זאַמדן, צווישן שטעכיקע קוסטן
האָט אַ דאָרן געפלאַמט און געפלאַמט.

דיינע רייד זיינען רייד פון אַ נאָווי,
רייד פון פייער און הייליקן מוט.
איך וועל גיין מיט דיר דורך פייער,
איך וועל גיין מיט דיר דורך בלוט.

דו ווי אַ וואָלקן און איך ווי דיין שאָטן,
דו ביסט דאָס פייער און איך בין די קויל.
איך וועל שטייגן מיט דיר אין די הויכן,
ווי דער שטויב, וואָס קלעפּט צו דיין זויל.

# דאָס וואָרט . . .

דאָס וואָרט, וואָס איך האַלט אין מיין מויל,
איז שאַרפער פון אַ מעסער און גליט ווי אַ קויל.
איך האָב דאָס וואָרט אין ענגע נעכט געבוירן,
ווען כ'האָב אין קריג מיט זיך אַליין פאַרלוירן.
און איצט, ווען איך בין איצט אַזוי־אָ ווי איך בין,
מיט שאַרפן בליק און קלאָרן זין,
לאָז איך פאַנאַנדער אַלע מיינע ווערטער.
מיט שווערן שווייגן פאַרזיגל איך דאָס מויל
און לאָז זיך קעגן גורל —
ווי קעגן אַ שאַרף־געצילטער קויל.

# נאָך זיך . . .

(מאיר שטיקערן)

נאָך זיך וועל איך לאָזן אַ קינד און אַ ווייב,
אַ פריינט, און עטלעכע לידער,
אייגן בלוט און אייגן לייב —
אינגערע צוויי ברידער.

איז איינער ערגעץ אין סיביר,
אין שניי, אין פראָסט וועט שטאַרבן.
דער אינגערער — אַ קאָמוניסט, —
ער וועט אונדז ביידן אַרבן,

מיך און אים. און אויך מיין פריינט,
וואָס היט דעם גאַנג פון שטערן.
דער קאָמוניסט מיט שטרענגער האַנט
וועט אונדזער שפור פאַרקערן.

# אַ וואַריאַציע

„אָ, גוטע פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן״,
לאָזט מיך אָפּן: מיט דער זון!
דער ווינט וועט מורמלען אין מיין שאַרבן —
און טריקענען וועט אים די זון.

שניי און רעגן וועט אים וואַשן
ביז זויבערקייט פון ווייסן ביין:
און אייביקן געלעכטער לאַכן —
וועט מויל מיט גאַפנדיקע ציין.

מיט טיפע, קילע גריבער קוקן
דער זון אין פּאָנים, דעם העלן רוים,
אַ פויגל מיט זיין שנאָבל־פּיקן
וועט אויסקלאַפּן מיט ביין אָן ביין:

דעם הילך פון אויסגעהוילטן שאַרבן —
פון אור, פון רו, פון ערשט־באַשאַף:
מיט שריפט פון הערצאָגליפן־קאַרבן —
וועט קריצן צייט איר עפּיטאַף.

## כ׳טראָג דעם קאָפּ געבויגן . . .

כ׳טראָג דעם קאָפּ געבויגן,
נאָר ווי אַ שלאַנג, וואָס שיפּעט אין גראָז,
וועל איך טאַיען דעם בליץ אין די אויגן.

און וואַך וועל איך זיין ווי די נאַכט
און לאָקערן פרעך ווי די שטערן,
און לויפן פאַר אייך ווי אַ קרומער וועג,
ווי אַ צייכן, אָט זיין — און ניט ווערן.

# רויב

יאַנקעווס קאָל האָט מיך גערופֿן
און איך האָב איסאָווס הענט,
אַ שווערד, אַ שפּיז און האַרטע נעגל —
צו קלעטערן אַף פֿעלזנווענט.

עס בליצט די זון אַף מיין קלייזאַיען,
עס שלאָגט דאָס האַרץ אין ווילדן גאַנג:
יאַנקעוו לערנט, לערנט טוירע,
איסאָוו שלאָגט און ברענגט זיין פֿאַנג.

און ווען דער רויב איז אַף מיין נאַקן,
און ווען דער זיג איז הייס אין בלוט, —
ווערט וואַך דאָס האַרץ און יעדער האַרצשלאַג
לויבט גאָט, ווי יאַנקעוו אויפֿגערוימט און גוט.

## אָ, פלאַטער אויף . . .

אָ, פלאַטער אויף, מיין אומגעוואַלגערט לעבן,
און ווי אַ האָן, וואָס רייסט זיך אויס פון שויכעטס האַנט
און לויפט, צעשפרייט די פליגל, ווי צום שוועבן,
צירקלט אום, די אויגן בלוט פאַררונען,
(אָ, וויפיל זעט ער אויפגיין רויטע זונען!)
פאַררייסט זיין אויפגעפראַלטן האַלדז:
— די רויטע טראָפּן קייקלען זיך ווי קרעלן —
ער זעט די ווייטן העלן,
די בלויע הויך אין רויטן ליכט, די קילעביימער גרינען —
און קרייעט אויס זיין אָנזאָג אַף באַגינען,
און פאַלט צעשפרייט — די פליגל ווי צום שוועבן.
אָ, פלאַטער אויף מיין אומגעוואַלגערט לעבן! . . .

# אַ ליד צום ערשטן מאַי

פרילינג. קיין גאָרטן איז ניטאָ אַרום מיין הויז.
היינט זיינען גאַסן גערטנער,
און מענטשן זיינען ביימער, וואָס וואַקסן שאַטנדיק און שיין.
מיר אַרט ניט דאָס גרילצן פון די אויטאָס, דאָס קלאַפּן פון מאָטאָרן, —
אַריבער זיי דערהער איך אַלע פרילינגדיקע כאָרן
פון די וועלדער, פון די פעלדער, פון די היימען;
און אין דער קלאָרער ראָם פון סקווער זע איך געהיימען,
ווי אין אַן אַלטן שלאָס. עס איז דער שלאָס שוין לאַנג פאַרלאָזט,
און סקווערן רוישן רייך מיט פאָנען און מיט יוגנט
(ס'איז ניי זייער ליד און אַנדערש זייער טוגנט),
די זון אין זייער בליק — ווי אין געשליפן גלאָז,
זיי טרעטן אַפּן ברוק נאָך לייכטער ווי אַף גראָז;
זייער טראָט איז לייכט, זייער קאָל איז הויך און שטאַרק;
זיי שטייען אינמיטן סקווער ווי אַף אַ הויכן באַרג.

איך בין מיט זיי, נאָר נאָך באַם פוס פון באַרג —
און דאָ, באַם פוס פון באַרג, הער איך זיך איין,
ווי רוישיק עס גייט די יוגנט אויף אין שיין,
אַנטקעגן טעג, וואָס שוימען איבער ראַנדן,
ווי פולע בעכער ווײַן מיט לידער און מיט שײַן.
די יוגנט גייט. ווער עלטער גייט אַוועק,
און ווער עס גייט, מוז גיין דעמזעלבן וועג
פון אויפגיין און פאַרגיין.
און בין איך מער ניט יונג — דער פרילינג איז נאָך יונג.
און איז ניטאָ קיין גאָרטן אַרום מיין הויז — הייננט זיינען גאַסן גערטנער,
און פאַנען זיינען רויזנקוסטעס מיט מאַטאָס נאַכטיגאַלן,
און ווי אין אַ קוואַל שפּיגל איך זיך אָפּ אין יעדער שויב,
וואָס שפּילט אַנטקעגן מיר מיט שטראַלן און מיט לויב
צום ערשטן מאַי. אין דער שטאָט פון אייזן און פון שטאָל,
וואָס קלינגט מיט רעלסן, ווי מיט טײַכן קלינגט אַ טאָל.

## צו גאָט בין איך געגאַן ...

צו גאָט בין איך געגאַן אַליין,
צוריק גיי איך מיט צענדליק טויזנט.
עס נאָגט דאָס האַרץ, עס קלעמט ווי פאר געוויין,
נאָר עס שמעקט דער וועג מיט פרילינג און מיט רויזן.

מיט ווינט וואָס ציט פון יאַם,
מיט זעגלען און מיט רעגן.
און ווי פון אַ בויגן שיסן אין דער ווייט —
צוויי גלייכע, ווייסע וועגן.

עס צינדט דאָס בלוט אַ פרייד,
אַ פרייד, וואָס וואַרגט מיט טרערן, —
עס קומען נעכט און קערן איבער
אַ בלויען קויש מיט שטערן.

די זון גייט אויף און בריט די קני,
די הוילע קני ווי עפּל.
און ס'רייסט דאָס האַרץ זיך אינדערפרי,
ווי פייער דורך אַ נעפּל.

# וואַן גאָג בילדער

אַ נאַכט־קאַפיי . . .

אַ נאַכט קאַפיי. פאַרשוועכטע טישן, שפּיגלען גלאָמפּן.
אַנטקעגן זיי משוגעע קייכן געלע לאָמפּן,
די קאָלבעס פלאַצן פון צופיל ליכט. דאָס ליכט
שפריצט אָפּ די ווענט, דעם דיל, דעם גרינעם טיש.

דער טיש איז שיקער, טאַנצט, די שווערע פיס זיך בויגן;
אַ ווייסער קעלנער קוקט מיט ברוינע טראָפּן אויגן:
די זאַכן וואַכן, טרינקען ליכט און לאַכן —
און ער איז מיד און ניכטער, דורכגעגרויט פון רויך
פון אויסגהוילטן מויעך.

אין ווינקלען רוט די נאַכט, איינגעהילט אין שאָטנס.
אַן האָפנונג שיקורים שלאָפן —
זיי האָבן פיינט דעם טאָג, פאַרשיקערן די נאַכט.
דאָס געלע ליכט אין לאָמפּן קאַטשעט זיך און לאַכט.

אַ צעאַקערט פעלד אין זונפאַרגאַנג

אַ געלע זון, אַ באַרג אין פיאָלעט, אַ צעאַקערט פעלד מיט פאַרבן —
אַהינצו איז וואָן גאָג געגאַנגען שטאַרבן
ווי אין אַ כאָלעם. ער איז נאָך דאָרט ניטאָ. דאָס פעלד איז נאָך אַליין,
נאָרביימער דריי ווי פידלען שווייגן פול געוויין.

די זון פאַרגייט, די פאַרבן ווערן שטילער, דרימלען איין —
און לעשן זיך ווי קוילן, רויט און ראָז און פיאָלעט.
דאָס פעלד איז איצט אַ ציכטיק אויסגעבעטע בעט
פון פאַרבן.
דאָס פעלד איז גרייט און וואַרט — וואָן גאָג זאָל קומען שטאַרבן.

רואינען . . .

אַן אַלט הויז. עס גלימערן
די שטיקער אויסגעקנייטשטע פֿאַרב. די צימערן
ווי געלע היילן.

ער רײַסט זיך צו דער פֿרוי אין רויטן ליכט:
די פֿרוי וועט עפֿענען דאָס מויל און וועט דערציילן —
פֿאַרוואָס אַזויפֿיל ווײַמוט גרינט אַף איר געזיכט,
און וואָס זי זעט —
אין יענעם ווײַטן פּיאַלעט.

דער טרויער ציט נאָך מערער אײַן איר מויל,
די אויגן קוקן ווײַטער נאָך אַוועק.
און אַפֿן טיש, אין וואַזע, די רויטע רויזן קראַכן,
עס רינט די פֿאַרב, די דאַרע שטענגלעך קאַרטשען זיך אין לאַכן.
עס טוט די בריל אַ ציטער אין איר האַנט,
און ווי אַ פֿויגל צעשרײַט זיך אַף איר קאָפּ דער געלער פֿליענדיקער באַנד.

# זיינע לעצטע ווערטער

די נאַכט גענענט. די לעצטע טראָפּנס ליכט,
ווי טוי אַצינדערט פאַלט אַף מיינע מידע אויגן.
אַ, קעניג־טויט, כ׳וועל מוזן בויגן
מיין שטייפן רוקן פאַר דיין הויכגעריכט.
עס בלייבן נאָך אַזויפיל ווייסע לערע בויגן,
די טיפקייט ניט דערלאַנגט נאָך ביזן לעצטן שיכט,
עס שטייט נאָך אַרום מיר אַזויפיל שווערגעוויכט
צו וואַרפן אַף דער וואָג, וואָס האָט די וועלט געוואויגן.

דער בעכער פאַלט. דעם וויין נאָך ניט דערטרונקען,
דער גומען ברענט, דעם דורשט נאָך ניט געשטילט.
אַ האַלב געזיכט אין שאָטנס שוין פאַרזונקען, —
ווער האָט פאַר מיר די לעצטע קאָרט געשפּילט,
און האָט פאַרשפּילט! אָ מיינע שאַרפע סטראָפן,
צום לעצטן מאָל האָט איר בלויז מיך געטראָפן.

# עס האָט אים צום קייווער באַגלייט . . .

עס האָט אים צום קייווער באַגלייט
דער שניי און אַן עלנטער הונט.
אין די הייליקע שריפטן שטייט,
אַז גאָט האָט פאַרשניטן א בונד
מיט מענטשן, מיט פייגל, מיט פי,
מיט לייבן, מיט וועלף און מיט לייז, —
אַז ווער עס וועט קומען אַף דר׳ערד,
זאָל האָבן זיין פאָר און זיין שפייז.
עס האָט אים צום קייווער באַגלייט
דער שניי און אַן עלנטער הונט.
און אין די הייליקע שריפטן שטייט, —
אַז גאָט האָט געהאַלטן דעם בונד.

# איבער זיין קאָפּ . . .

איבער זיין קאָפּ געבליצט האָבן העק,
געדרייט פאַר זיין האַלדז האָט מען שטריק, —
און אויב ער איז איצטער מיט אַלע אין וועג,
איז דאָס אויך פאַר אים ניט קיין גליק.
שווער, ווי אין יאָך, איז זיין שפּאַן און זיין טראָט,
זיינע רייד זיינען שטומפּיק געוואָרן.
און ווי אין אַ שלאָף אים פּלאָנטערט זיך — גאָט
וואָס האַלט אין אַ צוים זיינע יאָרן.
טראָגט ער אַרום אין דער פינצטער זיין וואָרט,
זיין שטערן געלט, ווי די נויט.
די שטריק פון זיין וויג האָט געצויגן — מאָרד,
און זיין וועג איז אין שאָטן פון טויט.

## טרוימער

דער בלויער פויגל טראָגט מיט זיך
נאָך אַלץ דעם טרוים פון אַלע לענדער,
און טרוימער ווערן אַלט און טראָגן אַף דער דיך
פון יאָרן און פון בראָך די שווערע בענדער.

דער בלויער פויגל בלויט ווי אָוונט אַף אַ בוים,
פאַרבאָרגן פליסט דאָס גליק ווי ווייטער שטערנשיין.
און טרוימער ווערן אַלט און פאַלן איין —
ווי אַף קריגלעך ביר דער אויפגעשפּילטער שוים.

## פענער

ניט פון גאָלד — פון קופּערנע צענער
איז געגאָסן דער שטערן אַף די בלוטיקע פענער.

מיט פּולווער געמיט, און ווי וואָפן אין הענט
טראָגט מען זיי דורך געפּאַנצערטע ווענט.

און יענע וואָס טראָגן זיי הויך איבער זיך,
לויכטן אין זיי ווי אין גאָלדענעם ליכט.

# הייזער שטייגן אין דער הויך . . .

הייזער שטייגן אין דער הויך
דורך קוימענס, דורך רויך.
זאַנגען, בלומען, גראָז און בוים —
שטייגן בליענדיק אין רוים.
קריגער גייען אויף פון דר'ערד
דורך פלאַמען, דורך שווערד.
פרויען — דורך שלאַנקע גלידער,
דיכטער — דורך טויט און לידער.
בויגנס גייען אויף אין פייל,
וואונדער — דורך אַ פייער־זייל;
און מיט זיין קייטל אָפן בויך
שפּאַרט דער נאָגיד אין דער הויך.

# הערש קאָטין

ריטערלעך און האַרציק ביז פאַרליבטקייט,
ברוין און שלאַנק, ווי אַ יונגער בעדואין,
מיט ריינע אויגן, ווי סאָף זומערדיקע שטילקייט —
איז געווען מיין בעסטער פריינט און סוינע הערש קאָטין.

אין ניינצן־ניינצן, מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל,
וואוילינגעריש, אָן אַ זיי־געזונט דער מאַמען;
איז ער אַוועק זיך שלאָגן מיטן פּויל
און איז געפאַלן צווישן ברענענדיקע שטאַמען.

איצט הער איך זיינע גוטע ווערטער,
און פיל זיין האַנט, זיין לעצטן זיי־געזונט,
און זע די אַלטע, געלע בלעטער,
וואו ס'איז פאַרשריבן אונדזער ריטערלעכער בונד.

און יענע צייט האַלב־אינגלעש און האַלב־רייף,
ווען מע רעדט פון מיידלעך פאַראַכטונגפול און שטייף,
ווען איך האָב מיין בעסטן פריינט און סוינע הערש קאָטין —
פאַרקויפט מיין בעסטע מיידל פאַר אַ לולקע מיט טוטין.

# מיין מיידעלע

מיין מיידעלע כאַנע
גייט שטאָלטנע און גיך,
ווי שפּיגעלעך בלאַנקען
אירע לאַקירטע שיך.

די לאַקירטע שיך
און די ווייסע זאָקן
פּאַסן זיך שיין
צו די גאָלדענע לאָקן.

צו די גאָלדענע לאָקן
צו דעם לילאָוון באַנד,
צו דעם ראָזעווען שירם,
וואָס זי טראָגט אין דער האַנט.

צו דעם ווייסן טיכעלע
פונעם דינסטן זייד,
און צום שטרויענעם היטעלע
פאַרשייט אַף אַ זייט.

# דער לעצטער פון די זקיינים

ער איז אין דאָרף געווען דער לעצטער פון די זקיינים —
מיין פעטערס מאַלווע און אַ פריינט פון אידן,
און מיט זיין געלט האָט שוין ניט איינער
געלאָזט אויפסניי זיך אַף יאַרידן.
ברוינע פויערים, ווי אויסגעשניצט פון האָלץ,
פלעגן זיך אין אָוונטן פאַרזאַמלען פאַר זיין טויער.
קאַרג אין וואָרט און קלוג אין מאָשל,
האָט ער פאַר זיי גערעדט מיט דוירעס אַלטן טרויער.
גערעדט פון נאָענטן און וויטן,
פון ערד און שטיין. די אינגערע געלערנט.
דער טייך איז דרימלענדיק אין בלויען שיין געפלאָסן,
דער הימל האָט אַלץ רייכער זיך געשטערנט.
און ס׳איז זיין וואָרט געווען ווי זאַטער האָניק,
געשטילט דאָס האַרץ, געקוואָלן אין דעם אויער,
און ווי לעוואָנע אין פלאָנטער פון די צווייגן,
געלויכטן האָט זיין קאָפּ אין אָוונטס טעמנעם טרויער.

# אידן

ערגעץ אַף אַ נאָענט־ווייטער ערד
וואַקסן אידן אויס מיט גרויע לאַנגע בערד.

אידן, אידן, גרויסע שיינע אידן,
וואָס קויפן כאַזער־האָר אויף גויאישע יאַרידן.

ערגעץ אין אַ נאָענט־ווייטער שטאָט
גייען אידן דאָרט אַ ריקודל פאַר גאָט.

אידן, אידן, גרויסע שיינע אידן,
וואָס קויפן כאַזער־האָר אַף גויאישע יאַרידן.

ערגעץ אין אַ נאָענט־ווייטער היים
וואוינט מיין זיידע אין אַ שטיבעלע פון ליים.

הויבט אויף דאָס פאָרהענגל און קוקט מיט שרעק אַרויס,
צי זעט מען ניט קיין שיקער פאַר דעם הויז.

אידן, אידן, שיינע שטאָלצע אידן,
וואָס קויפן כאַזער־האָר אויף גויאישע יאַרידן.

און איך, וואָס בין פון דאָרטן־לענדער ווייט,
פיל נאָך, ווי עס גייט די שרעק דאָ באַ מיין זייט.

אַלטע שרעק, ווי אַלטער קישעף,
וואָס דערציילט אַ מייסע פון אַ יישעוו.

וואָס דערציילט אַ מייסע פון אַ ערד,
וואו עס וואַקסן אידן אויס מיט בערד.

אידן, אידן, שיינע שטאָלצע אידן,
וואָס קויפן כאַזער־האָר אַף גויאישע יאַרידן.

## ע ר

ער, וואָס האָט געוואָלט זיין צו גאָט און ניט צו לייט,
איז דעם דערנערוועג געגאַנגען
מיט באָרוועסע פיס און פייערדיקן גלויבן.

פייערדיקער גלויבן! פרומע, פאַרמאַטערטע טעג! —
בלוטיקע ווייזער, וואָס ווייזן דעם פאָרכטיקן וועג
צו גאָט און צום אייביקן לעבן.

ער, וואָס האָט זיך יונגערהייט געפייניקט,
געפּראַוועט סיגופים און געגאַן אין די הייזער, —
זיין לעבן איז איצטער געוואָרן אַ זייגער אָן ווייזער,
וואָס האָט געהוסט און געכריפּעט און גאָרניט געוויזן, —
ער — וואָס האָט געמאָסטן זיך מיט ריזן,
נעכט געוואַכט, געלייטערט זיך ווי גאָלד,
וואָס האָט פאַר זיך די העכסטע הויך געוואָלט
און האָט זיין נעסט געבויט צווישן שטערן.
שטייט איצט פאַר זיך, ווי פאַר אַ ליידיק אָרט
און קייעט שטומערהייט אַ בייז און גיפטיק וואָרט.

# ביזט גרויס געוועז

ביזט גרויס געוועז — דערלאַנגט די זון,
און מיט דער האַנט געקליבן שטערן,
און ווי אַ ווילד־צעיושעטן טאַבון —
ווער האָט געקאָנט דיך צוימען און דיר שטערן.

ביסט גרויס געוועז און מעכטיקער אַפילע
פון קעניגן, אָ, קריגער, ליבהאָבער און דיכטער.
נאָר שטויב צו שטויב . . . און שטילע
צוקאָפּנס טרויערן די בלומען און די ליכטער.

וואו איז דער רום פון אַלע דיינע זיגן,
דער וויסער פלאַם פון דיינע העלע רייד,
אין האַלב־פאַרמעקטע ווערטער, אַ האַלב־פאַרשטומטער ניגן —
— אַ העלער שווערד וואָס זשאַווערט אין זיין שייד.

און עס ווייגט דאָס האַרץ און פרייט זיך דאָך צוגלייך.
די הערכסטע הויך ווער קען פון אונדז דערלאַנגען!
דוירעס קומען אָן און וויטן בליען רייך,
און זינגער וועלן זינגען רייכערע געזאַנגען.

עס ווייגט דאָס האַרץ און פרייט זיך דאָך צוגלייך.
די העכסטע הויך האָט ניט דערגרייכט נאָך קיינער.
דוירעס קומען אָן און וויטן בליען רייך,
און הויך, ווי דו, וועט אויפגיין נאָך ניט איינער.

## האַרבסט

אָ, איר קנעכט און האַרן,
די וואָס רייטן און די וואָס לויפן פאַר די פערד —
דער זומער שווערט אַראָפּ מיט באַרן
און עס בייט דער האַרבסט די פאַרבן אַף דער ערד.

די קני איז גאָלדיק און די וואונד איז רויט,
דער היישעריק זעגט דאָס גראָז, און דער הויכער שניטער
שטאַרבט. און איבער זיין גאָלדענעם טויט
גייען אויף, ווי סרייפעס — וואונדערלעכע גיטער.

דאָס איז דער האַרבסט מיט זאַטע קי און פולע אייטער,
מיט טעלער סטעלניק און מיט שיסלען מאָן;
מיט זיידע־בעטלער, וואָס גייען איבער דערפער
מיט שווערע טאָרבעס, און אין ווייסן אָנגעטאָן.

**דאָס איז דער האַרבסט ווען איך גיי אום אין וועלדער,**
גיי אויף אַף בערג און גיי נאָך נאָכן טייך;
און בלעטער אויף כאַלוימעס, וואָס ברענען רייך
און פאַרביק ווי דיביימער.

דאָס איז דער האַרבסט.
ווען איך גיי אום אַף שליאַכן
שלאַנק און גלייך
**און ווי אין אַ כאָלעם — רייך.**

# אַוורהאָם מוישע דילאָן

ס׳איז לייכט געווען אים דאָס שטאַרבן —
אין פולן ליכט, אין ליכט פון האַרבסט,
ווען האַרבסט מיט אַלע זיינע פאַרבן —
גייט דורך וואַלד און פעלד און פאַרבט.

די בלייכע פאַרבן פאַרבט ער בונטער;
די קליינע ביימלעך צירט ער אויס,
און לייגט אַ הויפן בלעטער אונטער —
דעם מאַן, וואָס שטאַרבט באַ אים אין שויס.

און צינדט אָן ליכט אין אַלע רוימען.
— ער זעט און שמייכלט שטיל און גוט.
און אַווראָם מוישע אין זיינע טרוימען,
ווי האַרבסט אין זיינע פאַרבן רוט.

און זעט און הערט די סטראָפן קלינגען —
אין ווייטן דורכלויכט, אין שיין,
און אַלע ניינציק לידער זינגען,
און פירן אים אין רו אַריין.

ס׳איז לייכט געווען אים דאָס שטאַרבן —
אין שיין פון האַרבסט, אין שויס פון האַרבסט,
ווען האַרבסט מיט אַלע זיינע פאַרבן —
גייט אַף די וועגן אום און פאַרבט.

# קומט אַרויס און זעט

קומט אַרויס און זעט: דער זומער איז טויט,
און זעט מיין כאָרעוו־געוואָרן לעבן;
די עפּל אַף די ביימער זיינען גאָלדיק־רויט
און פאַלן, ווי געלעכטער, דערנעבן.

און איך בין אין טרויער, און איך בין ווייט
פון גאָלד און פון צייטיקע עפּל, —
עס בלאָנדזשעט אַ מאַן, דער קאָפּ אַף אַ זייט —
דורך קראַנקן, פאַרכאָלעמטן נעפּל.

די הענט אַף דער ברוסט, די אויגן פאַרמאַכט,
די ליפּן ווי רויטע צוויי שניטן, —
עס בלאָנדזשעט אַ מאַן דורך נעפּל און נאַכט,
ווי אין שניי אַ פאַרלוירענער שליטן.

# געשפּיגלט האָט דער זומער

געשפּיגלט האָט דער זומער, ווי אַ טייך
פון גאָלד און איז געפלאָסן ברייט און רייך
און אָפן.
און איז געקומען צום סאָף פון אַלע סאָפן.
האַרבסט. טויט.
די בלעטער פון די ביימער פאַלן רויט,
און געל, און אָראַנזש. די בלעטער שטאַרבן שיין,
נאָר ביימער בלייבן ווי בעזימס שוואַרץ און שטעכיק שטיין.
עס קערט דער ווינט מיט זיי דעם נידעריקן הימל
און רייסט די וואָלקנס אויף ווי שווערע שטיקער שימל.
האַרבסט. ס׳איז אומעטיק, ס׳איז טרויעריק, ס׳איז קאַלט.
מען גייט דורך רעגנס, ווי דורך אַ גרויען וואַלד.
ווי רינוועס זשאַווערן אין רעגן די געדאַנקען.
עס וויינען בענק אין פּאַרק, ליבעס צאַנקען . . .
קיין קינדער שפּילן ניט, קיין פייגל זינגען ניט.
ס׳איז אומעטיק, עס גרויט.
עס זיצן היימלאָזע און כאָלעמען פון ברויט,
אַ טרוקן שטיקל ערד, אַ דאַך,
און ליי׳נען נייס פון אַ נייעם וואָל-סטריט קראַך.
עס ציען האָבאָס מאַכנעסוויז אַוועק.
עס קומען אָן די הונגעריקע טעג.

# האַרבסט און די טעג זיינען רויט

(קעגן שפּענגלערס אַן אויסדרוק
„דער האַרבסט פון אונדזער גייסטיקייט״)

האַרבסט, און די טעג זיינען רויט
מיט וויין פון געטראָטענע טרויבן ;
אַף די טויגן דאָס גאָלדענע ברויט,
און די זון קלינגט אין שויבן :

„קומט, לאָמיר פייערן האַרבסט,
דעם יאָנטעוו פון וויין און פון האָניק !
שניטער, דעם סערפּ, וואָס דו שאַרפסט,
נעם מיט און קום צו דעם יאָנטעוו !

אַרבעטער, פּויער און מאַן
אין זעלנעריש־גרויען געוואַנט :
די זון איז אַ גילדענע פאַן
און זידט מיט אַ זיסן געטראַנק.

האַרבסט. און די טעג זיינען שיקער,
האַרבסט און דאָס בלוט איז ווי וויין !
און די לופט איז צעגאָסענער ליקער,
העל אין דעם לויטערן שיין.

קומט, לאָמיר פייערן האַרבסט,
דעם יאָנטעוו פון וויין און פון האָניק !
העקער, די האַק וואָס דו שאַרפסט,
נעם מיט און קום צו דעם יאָנטעוו.

# ווערטער

ווערטער זיינען ליכטיקע קרישטאָלן:
דו זעסט דורך זיי, ווי דורך אַ קישעף־גלאָז,
ווי עס ווערט אַן אָרים הויז פּאַרוואַנדלט אין אַ שלאָס.
און ווען די ווערטער גיין אין ריטמיש־גלייכע צאָלן,
זינגען אויף ,און נעמען בילדער מאָלן:
דורך טאָג און בלענד, אין אָוונטס מילדן ראָז, —
גייט אויף אַ פּרייד, ווי זון אַף יונגן גראָז.
נאָר ווען דאָס וואָרט בליצט אויף אין אָרעאָלן,
ווי אַף בעלשאַצאַרס וואַנט, באַשייד אין יעדן אָס,
און גיסט דעם ווייַן פון קרוג, און שלאָגט ארויס דעם קאָס,
און רופט, און פּרואווט, און וועגט אַף וואָרע שאָלן,
און פירט ווי דאַנטע דיך דורך געהענעמדיקע טאָלן, —
גייסטו אים נאָך — אַ באָרוועסער אַף גלאָז —
עס שפּריצט דאָס בלוט און פלעקט דאָס יונגע גראָז.

# לידער

לידער האָבן אויגן קאָסע,
ווי כינעזער מיידלעך אַף אַן האָלצשניט פון אַמאָל;
טראָגן בעכערלעך מיט גראָזיג גרינער ראָסע
פון אַ ווייטן, פון אַן אויסגעטרוימטן טאָל.

לידער האָבן מיילעכלעך פאַרשנירטע,
קושן אויס דאָס בלוט מיט נאָגנדיקן גליק;
לידער האָבן פּענימער גרימירטע,
טאַנצן אום ווי ליאַלקעס אַף אַ שטריק.

## ווערטער

ווערטער וואַקסן אַף דער ערד ווי ביימער,
און דיכטער מיט בלויזע העק און בלאַנקע מעסער
שניידן די ביימער און בויען שלעסער —
פאַר אַטענישע בירגער און שטאַטלעכע רוימער,
פאַר ווילדע הונען און הייליקע קריגער.
און פאַר יעדן איינעם, וואָס טרעט אַף דר'ערד
און פילט זיין האַרץ ווי אַ שאַרפע שווערד,
און ציט די גלידער ווי אַ גיריקער טיגער.

# מאַני לייב

ער איז „גאָטס בעהיימעלע — קליין, קליין",
מיט מילד־פּאַרטרוימטע אויגן וואָס קוקן ליב און לינד,
ווי עס מיניען זיך די פאַרבן און עס קרייזלט זיך דער ווינט,
שנורעוועט די ליפּן, ווײנט אַף זיינע זינד
און איז ווי אַ לאָם באַם פאַסטוך, ווי צווישן גראָז אַ רינד.

וואונדן זיינען רויזן און טויט — אַ שוואַרצער קרעפּ,
שטערן — זיינען דימענטן אין נאַכטסצעלאָזטע צעפּ.
ער שוועבט ווי אַף באַלעטן מיט הירשן לייכט אין שניי:
„אָ מוזע, גיב מיר לידער, קראַנק בין איך אָן זיי"!
שטעקט אין הוט אַ פעדער און אין זיין שילד — אַ טויב —
מאַני לייב איז זיס ווי האָניק און צוקערדיק ווי לויב.

און שלאַנק איז ער און פרוילעך ווי אַ פלייט,
און פינקלט ווי מיט כיין־גריבלעך מיט טרויער און מיט פרייד;
ווײנט מיט יענעמס אומגליק און קלינגט מיט אייגן גליק,
און הויבט די פאָן פון אַרבעט און הייליקט זי אין קריג.
און אָט איז ער אַ דאָרן און אָט אַ שטאָלצער לאָרד,
און זע, עס איז נאָר „שיינקייט אין זאָטל פון זיין וואָרט".

נאָר ווען די נאַכט ווערט לויטער און די לעוואָנע גרויס —
פון זיינע מירמלשלעסער גייט מאַני לייב אַרויס;
דער ווינט ווייעט, ווי אין כאָלעם, דינער שאָרכט דער בלאַט.
אַנטקעגן דער לעוואָנע — הויך און שלאַנק און מאַט.
מיט שטילע טריט פון וואונדער, מיט זילבער אינעם קאָל —
שפּינט מאַני לייב אונדז מייסעס ווי בלויע בינטן וואָל.

נאָר ווען די וואָר ווערט ביטער און בייזער ווערט דער שפּיל,
שניידט ער מיט שאַרפע ווערטער, ווי מעסער בלאַנק און קיל;
און ווען סע שלאָגט דער ווייטיק מיט האַמערשלעג אין שלייף —
נעמט ער אַרום די סטראָפן, ווי מיט אַ האַרטער רייף.
דאָס ליד אין שטאָל און זילבער בליצט אויף ווי אַ קינזשאַל,
און ס'שפּילט אַף אים די רויטקייט פון לעצטן אונטשטראַל.

און ווי אַ רויבער־ריטער מיט אויגן — גרינער סאַם,
נעמט ער מיט וואָרט נעקאָמע פאַר זיין פאַרשקלאַפטן שטאַם.
נאָר איצט, איצט איז שוין אָוונט, עס בלויט שוין אין זיין הויז —
ענטפערט אַף זיין ניגן דעם אָוונטס שטילער רויש,
דאָס מורמלען פון אַ טייכל, דער ווינט וואָס ציט פון לאַן,
דאָס גאַפן פון אַ אינגל, דער שמייכל פון אַ מאַן.

# פאַרסאַם ניט מער . . .

פאַרסאַם ניט מער און רייד ניט אַזוי הייליק,
ווי שפּורן פון אַ מאָרד קלעפּט בלוטיק זיך דיין וואָרט.
ווי קראַנקע טראָפּנס בלוט, ווי סאַרפעדיקער גיפט —
אין מויעך און אין האַרצן טריפט:
דיין ניט געוואויגן,
וואונדיק אַנגעצויגן וואָרט.

דער נייער דאָר
קומט אָן מיט וואָר,
מיט פרישן וואָרט
און רייכן לאָר.
קומט שלאָגן זיך
און קריגן!
קומט זינגען —
און קומט זיגן.

און דו ביסט מאָרד —
פאַרצווייפלט בלינדער מאָרד;
דיין טאַנכומס וואונדיק וואָרט,
דיין טאַטנס רויטע באָרד:
זיי זיינען אַלע — מאָרד,
פאַרצווייפלט־בלינדער מאָרד.
און איצט:
אין צענטן יאָר פון איציק פעפער,
וואָס קלינגט מיט שפּיז
און ס'רינט זיין ליד מיט האָניק, —
איז:
דיין אומקום־ליד אַ בייזע, בלוטיקע דערמאָנונג.

# פיינט גענען . . .

פיינט גענען, און לאָמיר זיך פאַרהערן
אין איידעלן קויעך, אין אויפגעבליצטע רייד:
דער קאָפּ ווערט גרוי, אין קנייטשן געלט דער שטערן —
סע יאָגט די צייט און גאָלט דעם שאַרבן הויל.
און טונקל ווערט די שווערד וואָס דרימלט אין איר שייד,
די פלאַמענדיקע שווערד, דאָס פרייע וואָרט די קויל,
עס ברענט די צונג, ווי פייער, אין דעם מויל, —
גענען און לאָמיר זיך פאַרהערן
אין איידעלן קויעך, אין אויפגעבליצטע רייד.

# איך בין אַ בעכער פול מיט וויין . . .

איך בין אַ בעכער פול מיט וויין,
און גיס זיך אויס פאַר יעדן שווייג,
פאַר יעדן גלאָן און יעדן גלין
פאַר יעדן שפּאָן פון מארגא לין,
וואָס קלינגען טעמפּ און פאַלן שווער,
וואָס ריידן וויסט און שווייגן לער —
שפּאַן איך דעם בויגן און צי די פייל —
אין האַרץ שטייט אויף אַ פייער־זייל.
עס בליצט די פייל, שניידט דורך דעם ווינט,
און טרעפט אין ציל און דאָך, איך פיל:
איך טראָג אַף זיך אַ שווערע זינד,
איך בין אַ בעכער פול מיט וויין
און גיס זיך אויס פאַר יעדן שווייג.

# דער עסטעט רעדט צעלאַכעס

„איז וואָס אַז בלוט רינט איצט פון וואונדן אויס?
איז וואָס אַז גוולאַדטויט וואַלגערט זיך אַף טרעפּ?
באַ אַ רייך־באַגראַזטן ברעג פון טייך
האָב איך אַ ליכטיק, ציכטיק אויסגעצירטע הויז,
געפּוצט אין גאָלד און צאַרטן ליפּנרויז.
און אויב ס׳איז דאָ אַ טויט, וואָס וואַלגערט זיך אַף טרעפּ —
האָב איך אַף דינע פאַרהענגלעך אַ באַנד פון שוואַרצן קרעפּ.

זאָל פּערעץ מאַרקיש ראַיען זיך אין „קופּעס“
און פלעכטן קאַלטונס פון געפּליקטע בערד,
טמאַקעווען דאָס בלוט פון שוימיקע פאַרנאַכטן,
טראָגן אַפן קאָפּ דעם גלאָבוס פון דער ערד.

זאָל א. צ. גרינבערג מיט מאַבל אין דעם קאָפּ און שקיע אין די בלוטן
גיין אַ קאַראַהאַד מיט מעפיסטאָס לאַפּיטוטן,
זאָל מײלעך ראַוויטש מיט פולע בענעמאַים
טרינקען צו דער וועלט זיין שיקערן לעכאַים, —
מיין האַנט איז ריין און ריינער נאָך מיין האַרץ,
און דופּטיק־פּריש מיין גומען ווי אַ בלעטל פון אַ רויז —
און מעג דאָס ליכט פון טאָג איצט אויפגיין פון די קופּעס, —
איך האָב אַן איידעלע נאָז, עמפּינדלעך צו גערוכן,
און דאָ — אין מיט פון איסט בראַדוויי,
וואו מענטשן ראַיען זיך, ווי מאַרקיש אין די קופּעס —
גיי איך אַרום, נאָר זען זע איך:
— איך האָב אַ ליכטיק, ציכטיק אויסגעפּוצטע הויז —
און פיינסטן דורכזיכט פון בלאַסלעך־גרינעם ליכט.
און זיך אַליין, אַ בויגעוודיקן, שלאַנקן,
אין רויך פון מיין האַוואַנסיגאַר,
וואָס פורעמט אין דער לופט אַ בלויען רינג, אַ שאַר
אַ רייכע אַשקאַליירטע רויז.
טאָ וואָס איז מיר דאָס בלוט וואָס רינט פון וואונדן אויס?

# און ווער עס ברענגט . . .

און ווער עס ברענגט דאָס ליד זאָל אָנגורטן אַ שווערד,
און ווער עס טראָגט דאָס וואָרט זאָל טראָגן אויך אַ שפּיז.
און ווער עס קומט מיט גאָט — זאָל קומען ווי אַ ריז
און ווי אַ פייער דורכגיין דורך דער ערד.

# אַ בריוו צו די סאָוועטישע דיכטער

כאַווירים, וואָס שרייבן לידער
באַם שיין פון דער נאַקעטער שווערד,
מיר, אייערע ברידער,
זיינען ווי שאָטנס אַף דר׳ערד.

די זון איבער אונדזערן קאָפּ
מאַכט לענגערן דעם טונקעלן שאָטן,
מיר גייען אַרום און גייען אַראָפּ
איינער אין צווייטן געראָטן.

נישטאָ נאָך קיין איינער באַ אונדז,
וואָס זעט זיך אין ליכט פונעם מאָרגן,
מיר טראָגן, ווי הויקערס, אַרום
טונקעלע ערדישע זאָרגן.

די גאַסן זיינען ברויזיק און העל
און מיר אין דער טונקעלער נידער
באַם עלעקטרישן שיין פון אַ שילד
לייענען ראָמאַנטישע לידער.

און כאָטש כאַווירים ווי דיכטער
ווער פון אייך איז דען גרויס,
דערמאָנט איר אָן פלאַטער פון פייגל —
אין געהילך, ווען מע בויט אַ הויז

און כאָטש אייער געזאַנג פון טורבינען
איז פון איינעם אָן צווייטן געראָטן,
ווייסט איר! מיט אייער ליד ווילט איר דינען
דעם מענטשן און ניט זיין שאָטן.

און מיר זיינען שאָטנס און דינען צום גורל
און דאָס האַרץ איז פאַרברענט ווי אַ קויל,
בלויז דער טאַם פון פאַרצייטיקע גאָלדענע לידער
איז ווי דופטיקער האָניק אין מויל.

# אין דעם טורעם פון עלפאַנטביין

הויך. פאַרוואָרפן.
פאַרשניטן. אַליין.
טעג, ווי שטערן,
גייען און גייען.
איבער דיר,
אַריבער דיר,
איבער דיין קאָפּ.
טעג, ווי שטערן,
פאַלן אַראָפּ
ליד איז דיין נעס,
וואָרט — דיין גנאָד,
און עפּל, און באַרן —
רייפן אין סאָד.
זאַמלער מיט קוישן,
באָרוויסע פרייד,
דיין געשטאַלט אין די הויכן,
בלאַסט און פאַרגייט.
פאַרגאַנגען. פאַרשניטן.
אַליין. אַליין.
טעג, ווי די שטערן,
גייען און גייען.
שפּרייטן אַף וועגן
גאָלדענעם שטויב,
לייכטן מיט זון
אין דער אָרעמסטער שויב.
און דו — אין די הויכן,
אין געפרוירענעם ליכט,
שלייפסט די האַק און דעם דין
פאַרן לעצטן געריכט.

# וואָרט און טאַט

פייער איז צייכן, און בלוט איז אַ צייכן;
די שפּיז און דער שווערד אינעם וואָרט זיינען צייכנס,
צו גרייכן דאָס וואָרט,
וואָס רייפט אין דעם טאַט,
און פאַלן דערנאָך, ווי אַ פרוכט,
אַזוי רייף, אַזוי זאַט,
צו די פיס פונעם דאָר,
וואָס טראָגט אין זיין שויס העלדישע וואָר.

די ערד וואָס איז שטערן,
און די זון, וואָס איז שטערן,
און דער הימל אין פייער
הערן און שווערן,
אַז וואָר איז נאָר וואָרט,
וואָס גייט אויף מיט דער טאַט.
וואָר!
ווי דער טאַט וואָס ווערט קלאָר
אין בלענד פון דעם שווערד.
וואָר!
ווי די העלדן, וואָס פאַלן
אין שויס פון דער ערד.

# אינהאַלט

## 1. — פּילגערשאַפט



## 2. — וואַן גאָג בילדער



## 3. — האַרבסט



## 4. — ווערטער